ג. אושאַקאָוו

# די ראָבינזאָנס פֿונעם ווראַנגל־אינדזל

אוקרנאַצמינדפֿאַרלאַג

שול־ און פּיאָנערן־ביבליאָטעק

ג. אושאקאָוו

# די ראָבינזאָנס פונעם ווראנגעל־אינדזל

ייִדיש — אי. שטולמאַן

№ 94

מעלוכע־פאַרלאַג פאַר די נאַציאָ־
נאַלע מינדערהייטן אין אוסר"ר

כאַרקאָוו — 1932 — קיִעוו

דער ווראנגעל־אינדזל געפינט זיך אפ 200 קילאָמעטער צאָפנדיקער פונעם סאמע ווײַטסטן עק פונעם ראטנפארבאנד — פון די ברעגעס פון טשוקאָטישן האלב־אינדזל. דער אינדזל איז א בארגיקער, ער האָט זייער ווייניק געוויקסן, און דער קלי־מאט זײַנער איז א הארבער: דער ווינטער ציט זיך דאָרט גאנצע נײַן כאדאָשים. דעם גאנצן ווינטער הערשן אפן אינדזל פרעסט און זאווערוכעס, און זומער־צײַט איז ער פארהילט אין געדיכטע נעפלען. א גאנצן קײַלעכיק יאָר רינגלט אים ארום אײַז, וואָס הויפנט זיך אָן אין ריזיקע אײַז־בערג — טאָראָסן.

אין די וואסערן, וואָס באשווענקען דעם אינדזל, האלטן זיך אוף פיל יאם־כײַעס: יאַמהינט, יאמפערד און ווײַסע דעלפינעס. אין זומער־פעריאָד קען מען זען צענדליקער און אפילע הונ־דערטער שווימענדיקע אײַזשטיקער, באדעקטע מיט גופים פון רוענדיקע יאם־פערד. סע טרעפן אָפט פאלן, ווען פאנגערס קומען צוריק פונעם יאם מיט ליידיקע הענט ניט דערפאר, וואָס סע פעלן אויס כײַעס, נאָר דאפקע, ווײַל ס׳איז פאראן זייער פיל, און די פאנגערס באשליסן זיך ניט אָנצופאלן אפ זיי.

דער ווראנגעל־אינדזל האָט געקראָגן פאר די לעצטע יאָרן נאָך א וויכטיקע באדײַטונג, אדאנק זיין ביאָגראפישער לאגע. אזויווי די דערפאָלגן פון אוויִאציע און לופט־שווימערײַ וואקסן פון טאָג צו טאָג — פארפעסטיקט זיך אלץ מער די אידייע פון לופט־וועגן, וואָס זאָלן אין דער נאָענטער צוקונפט פאר־בינדן אייראָפּע מיט אמעריקע און מיטן ווײַטן מיזרעך — דורכ קרייצנדיק די הויכע געאָגראפישע ברייטן. ווראנגעל־אינדזל, וואָס ליגט אפ דער ליניע פון דידאָזיקע וועגן, וועט דעמאָלט ווערן אן אוויִאָ־באזע.

אויסנוצנדיק די שווערע לאגע פונעם ראטנפארבאנד אין די יאָרן פון בירגערקריג, האָבן די ענגלענדער צוויי מאָל זיך גע־

פרוווט פארכאפנ דעמ אינדזל. די ערשטע עקספעדיציע איז באשטאנענ סאכאקל פונ פינפ מענטשנ אונ האָט זיכ געענדיקט טראגיש. אונ די אָנטיילנעמער פונ דער שפּעטערדיקער, צווייטער עקספעדיציע האָבנ פונעמ אינדזל אראָפּגענומענ אונדזערע סאָוועטישע יאמ־לייט, וואָס די ראטנ רעגירונג האָט געשיקט מיט דער שיפ „רויטער אָקטיאבער“ אינ 1924 יאָר.

## I. די סאָוועטישע קאָלאָניע אפנ ווראנגעל־אינדזל

אינ 1926 יאָר איז מיר אופגעגעבנ געוואָרנ אויסצוריכטנ א קאָלאָניזיר־עקספעדיציע אפנ ווראנגעל־אינדזל אונ אָנפירנ מיט דער ערשטער סאָוועטישער קאָלאָניע, וואָס אפ איר איז ארופגעלייגט געוואָרנ די ערנ־אופגאבע צו פארפעסטיקנ דעמ אינדזל פארנ ראטנפארבאנד.



מיר זײַנען געווען װײניק אין צאָל. איך, דער דאָקטער פּ. נ. סאווענקאָ און אַ דערפאַרענער פּאָליאַר־פאָרשער, דער לערער א. מ. פּאוולאָוו. דאָס איז דער גאַנצער באַשטאַנד פון דער עקספּעדיציע. אונדזערע װײַבער, װאָס האָבן מאַסקים געווען צו טײלן מיט אונדז די גרויסע שוועריקײַטן פונעם לעבן העכער דעם פּאָליאַר־קרײַז, — זײַנען געווען די ערשטע אײראָפּעישע פרויען אויף װראַנגעל־אינדזל.

דער איבעריקער טײל פון דער קאָלאָניע זײַנען געווען נײַן פאַמיליעס עסקימאָסן פונעם טשוקאָטישן האַלב־אינדזל. די קלאַנגען, אַז דער אינדזל איז רײַך מיט חיות — האָבן צוגעצויגן זײער אויפמערקזאַמקײַט, און זײ האָבן ניט לאַנג זיך געקווענקלט און פאַרלאָזן זײערע אײַנגעזעסענע ערטער אין דער בוכטע „פּראָווידיעניע” און אויפן קאַפּ טשאַפּלינאָ. מיט די פרויען און קינדער זײַנען זײ געווען אײן און פופציק מאַן.

דאָס 1926 יאָר איז געווען אַן אומגעוויינלעך גינסטיקס לויטן צושטאַנד פונעם אײַז, און דעם 8־טן אויגוסט זײַנען מיר שוין אַרײַנגעגאַנגען אין דער בוכטע ר אָ ד ז ש ע ר ס אויפן דאָרעמדיקן ברעג פונעם אינדזל, און דאָ האָבן מיר געשאַפן אונדזער הויפּט־באַזע.

ביז האָט אונדז דער אינדזל באַגעגנט. דער דאַמפער „סטאַווראָפּאָל”, װאָס האָט אונדז געבראַכט צו פירן, האָט אויסגעלאָדן פאַר אונדז פּראָדוקטן, און האָט דעם 15־טן אויגוסט 1926 י. פאַרלאָזן דעם אינדזל. פון יענעם טאָג אָן איז איבערגעריסן געוואָרן יעדער פאַרבינדונג מיטן קאָנטינענט. פאַר 3 יאָר צײַט האָבן אונדז בלויז אײנמאָל באַזוכט הידראָפּלאַנען. די אַלע דרײַ יאָר זײַנען מיר געווען לאַכלוטן אויף אײגענעם באַראָט און האָבן געמוזט אויסרעכענען בלויז אויף אײגענע קויכעס.

אום ווינטער — שוידערלעכע פרעסט, זאווערוכעס און אַ צווײכאַדאָשימדיקע פּאָליאַר־נאַכט. אום זומער — נעפּלען, אַ גאַנצן קײַלעכיקן יאָר — אײַז, — אָט אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן מיר געלעבט, געאַרבעט און געקעמפט.

און מיר זײַנען פון דעם קאַמף אַרויס מיט זיג.

די ניט־באַקאַנטשאַפט מיט דעמדאָזיקן ביז אונדז אומבאַ־ וווּסטן אינדזל, מיט זײַן נאַטור און לעבנס־באַדינגונגען, האָט באַזונדערס שווער געמאַכט דאָס ערשטע יאָר עקזיסטענץ פֿון דער קאָלאָניע. דעם ערשטן ווינטער לעבן אויפֿן אינדזל זײַנען מיר געווען פֿאַרנומען מיט אויסבויען וווינונגען און אַ לאַגער פֿאַרן פּראָוויאַנט און געצײַג.

ניט ווייניקער וויכטיק איז געווען די זאָרג וועגן פֿאַרגרייטן פֿלייש. אַ קאָלאָניע, וואָס האָט פֿאַרמאָגט העכער אַ מייל הינט און איז באַשטאַנען מערסטנטייל פֿון עסקימאָסן, וואָלט אָן פֿלייש געווען פֿאַרורטיילט אויף אומקומען. דעריבער זײַנען אַלע קרעפֿטן געווען אָנגעווענדעט אויף געיעג. ניט איינמאָל איז אויסגע־ קומען אײַנצושטעלן דאָס לעבן צוליב דעם, אַז די קאָלאָניע זאָל כאָטש וויפֿל ס'ניט איז באַזאָרגט זײַן מיט יאַמפּערד־פֿלייש אויף דעם לאַנגן פּאָליאַרן ווינטער.

## II. יאַמפּערד־פֿאַנג

דער צאָפֿן־מיזרעכדיקער ווינט טרײַבט אַ געדיכטע מאַסע אײַז פֿאַרן דעם ברעג. אויף אַ מײַל פֿון ברעג באַמערק איך איין אײַז־שטיק מיט ניט קיין גרויסער טשאַטע יאַמפּערד. די עסקי־ מאָסן זעען אויך די יאַמפּערד, אָבער דאַסמאָל לויפֿן זיי ניט פֿײַל אויסן בויגן צו די שיפֿלעך. זיי שטייען און באַטראַכטן אָנגעכמורעט דעם יאַם. ער ציט הײַנט ניט צו זיך די פֿאַנ־ גער.

אַ שאַרפֿער ווינט האָט אויפֿגעהויבן אויף די פֿרײַע פֿון אײַז וואַסער־שטרעקעס גרויסע כוואַליעס. אָפֿט הערט זיך אַ קנאַלן — עס ברעכן זיך אײַזשטיקער. דאָרט, ווו ס'איז מיט פֿינף מי־ נוט צוריק געווען פֿרײַע וואַסער־אײַז איז איצטער געוואָרן אַ געדיכטע מאַסע אײַז. אָט פֿאַרוואָס די עסקימאָסן, וואָס זײַ־ נען שטענדיק גרייט זיך וואַרפֿן אויף די יאַמפּערד, רירן זיך הײַנט ניט פֿון אָרט.

די האָפֿענונג איז בלויז אויף איין יעראָקן. ער איז אַן ענערגישער פֿאַנגער און האָט אַ שעם פֿאַרן בעסטן רודערער

איבער גאנצן טשוקאָטישן ברעג, איך רופֿ אים אָפּ אין א זײַט.

— יעראָק, מיר האָבן ניט קיין פֿלייש.

— יאָ, שעפֿ, מיר האָבן ניט קיין פֿלייש — שטימט אײַן יעראָק.

— מע דארף פֿאָרן.

— יאָ, מע דארף פֿאָרן.

— פֿארוואָס־זשע רירט זיך קיינער ניט?

— דו זעסט, ווי גיך עס יאָגט דאָס אײַז. ס'ארא בייזער ווינט! זיי האָבן מוירע.

— אָבער ווינטער אָן פֿלייש איז נאָך שרעקלעכער.

— יאָ, שעפֿ, ביסט גערעכט. אָן פֿלייש איז ווינטער־צײַט שרעקלעך.

— און דו וועסט פֿאָרן?

— מיט דיר וועל איך פֿאָרן. און אז מיר וועלן זאָגן — מע דארף פֿאָרן, וועלן זיי אויך פֿאָרן.

מיר נעמען געווער און אָן א וואָרט ריידן גייען מיר צום וועלבאָט (שיפֿל). פֿאוולאָוו, וואָס האָט געהערט אונדזער שמועס, גייט באלד נאָך אונדז. און נאָך אים שטייען צו צו אונדז נאָך פֿינף עסקימאָסן.

אונטערגעכאפּט פֿון א גינסטיקן ווינט מײַדט אויס דער וועלבאָט, אונטער יעראָקס געניטער האנט, גוואלדיקע אײַז־שטיקער, און גליטשט זיך דורך, ווי א שלאנג, אין די שמאָלע שפּארונעס צווישן זיי. ארום אונדז דונערט. מוזסט שרײַען, קעדיי דער שאָכן זאָל הערן, וואָס דו רעדסט. די אײַז־שטיקער שטויסן זיך אָפּעמאָל צונויף איינס־מיט־אנאנדער. אָפּט איז דער צוזאַמענשטויס אזוי שטארק, אז זיי צעפּליען זיך אָפּ שטיקלעך. איין אײַז־שטיק, ענלעך אָפּ א שוואָם, ווי באליידיקט פֿון אונדזער גלײַכגילט צו אים, גיט זיך מיט ראש א קוליע הינטער דעם דורכגעלאָפּענעם וועלבאָט. עטלעכע רעגעס איז אָפּ יענעם אָרט א גרויסע קאָכנדיקע גרוב. דערנאָך באווײַזט זיך א הויכער אײַז־סלופּ, נאָר ער פֿארהאלט זיך ניט לאנג און פֿאלט באלד מיט א קראך אָפּ א זײַט, און באָדט אונדז אָפּ מיט א רעגן שפּריצן.

די יאמ־פערד זײַנען קימאט באַם סאמע ראנד איַז. ווינטער זיי זעט מען די שוימענדיקע רוקנס פונ די כוואליעס. וואָס מער מיר דערנעענטערנ זיך צו זיי, אלץ גרעסער איז דער רויש, שטארקער דאָס כוואליען, האסטיקער די באוועגונג פונעם איַז. די געפאר ווערט אלץ גרעסער.

אָבער מיר מוזנ האָבנ פלייש! מע מוז עס ארויסרײַסנ בא די דונערנדיקע איַז־שטיקער, בא די שוימענדיקע כוואליעס. א באגײַסטערונג באהערשט יעראָקנ. אָנ הענטשקעס אונ אָנ א היטל, מיט צעלאָזטע האָר איז ער ווי צוגעוואקסנ צום רודער. יעדער באוועגונג, דער קלענסטער קער פונ רודער איז בא אים פינקטלעך. מיר פליִענ דורך אזעלכע שפּארונעס, ווו דער וועל־באָט רײַבט קימאט מיט בײדע באָרטנ די פארבײַיקע איַז־שטיקער!

נאָך אַ ט זײַנען שוינ די יאמפערד. דאָס שטיק איַז וויגט זיך שטארק, אונ די בײַעס שלאָפנ ניט. נאָכנ ערשטנ שאָס ווערנ זיי אוועק, מע דארפ מיטאמאָל טויטנ עטלעכע. מיר גיבנ א זאלפּ — אונ צוויי גרויסע טושעס בלײַבנ פאר אונדז, אלס באַ־לוינונג פאר אונדזער געוואגטקײַט.

— אָבער דאָס איז נאָך ניט אלץ. מיר געפינענ זיך דרײַ מײַל פונ קאָלאָניע אונ פונ ברעג — אנדערהאלבנ מײַל. דעם וועג צוריק אינ קאָלאָניע האָט פארשלאָסנ א געדיכטער איַז, אונ ס׳איז אומזיסט זיך פרוּווּנ דורכגײנ אהינ. מיר באשליסנ — זיך דורכ־שלאָגנ גלײַך צום ברעג. שינדנ די יאמפערד — דערופ איז איצט קיינ צײַט ניטאָ. מיר שווארטעווענ זיי צו צו די באָרטנ פונ שיפל.

עס רינגלט ארום אונדז ארום געדיכטער איַז. דעם זעגל קענ מענ איצט ניט נוצנ. מיר זײַנען געצווּנגענ צו באוועגנ זיך אינײי־נעם מיטנ איַז. יעדער שפּאנ איז א שלאכט. ס׳איז אונדז אלעמענ קלאָר אונדזער לאגע, אינ יעדערער טוט דעריבער אלץ, וואָס פונ אים איז אָפּהענגיק. פונ צײַט צו צײַט גיט זיך אונדז אײַנ פאנאנדערצורוקנ צוויי שכײנעסדיקע איַז־שטיקער אונ איבערוקנ זיך אפ עטלעכע צענדליק מעטער צום ברעג. אָפּט ווערט אונדזער שיפל פארקלעמט צווישנ צוויי שטיקער איַז,

און מיט פארהאלטענעם אָטעם ווארטן מיר, אז אָט-אָט ווערט עס צעקנאקט, ווי א ניסל. סע ראטעווען אונדז אָבער די יאמ־פערדישע טושעס, וואָס זײַנען צוגעשווארטעוועט צו די בּאָרטנ. זיי דינען, ווי גוטע בּופערס.

עטלעכע שאָ אײַנגעשפּארטער קאמפּ—און אָט זײַנען מיר שוין ניט ווײַט פון בּרעג.

פּלוצים איז דער וועלבּאָט געבּליבּנ שטעקנ צווישנ צוויי אײַז־שטיקער. סע דערהערט זיך א קראך... צום גליק, האָט געפּלאצט בּלויז די אויבּערשטע בּרעט.

סאָפּקאָלסאָפּ, שטויסט זיך אָנ דער וועלבּאָט מיט דער נאָז אָנ בּרעג, און הונגעריקע, אויסגעמאטערטע פונ קעמפנ מיטנ אײַז, זעצנ מיר זיך אפ דער הארטער ערד און בּאטראכטנ אונד־זער פאנג. די צוויי יאמפּערד-טושעס האָבּנ געקענט קאָסטנ אכט מענטשלעכע לעבּנס. אָבּער ווענ מיר בּלײַבּנ ווינטער אָנ פלייש, וואָלטנ מיר געהאט נאָך גרעסערע קאָרבּאָנעס! דערפאר דארפנ מיר אויסנוצנ יעדער מעגלעכקײַט, מע מוז ריזיקירנ!

טיילמאָל אָבּער האָט ניט געהאָלפנ ניט קיינ אײַנגעשפּארט־קײַט, ניט קיינ אײַנשטעלעניש. דאָס אײַז האָט זיך געהאלטנ ווײַט פונעם אינדזל, און קיינ יאם-פערד זײַנען ניט געווענ. בּאטריבּטע האָבּנ מיר דעמאָלט געקוקט אפנ יאם. ער איז גע־ווענ ריינ און אָנ א סימענ-לעבּנ.

ס'האָט זיך דערנעענטערט דער ווינטער—א לאנגער, א פינצ־טערער און בּייזער. וויניק גוטס האָט מענ געקאָנט פונ אים דערווארטנ. מיר האָבּנ געוווּסט, אז ווינטער קענ מענ קיינ פלייש ניט קריגנ. האָפנדיק, אז ס'וועט אונדז אָפּגליקנ אפ א צווייט אָרט, האָבּ איך איינמאָל אריבּערגעוואָרפנ דרײַ יעגער אינ דער בּוכטע „סאָמנ־טעלנאיא", וואָס איז געלעגנ העכער דרײַ־סיק קילאָמעטער צו מײַרעוו פונ דער בּוכטע ראָדזשערס, ווו ס'איז געווענ אונדזער הויפּט־בּאזע.

אָפּשיקנדיק דידאָזיקע מענטשנ פונ אונדזער הויפּט־בּאזע, בּינ איך געווענ שטארק אומרויִק, ווײַל איך האָבּ ניט געקענט האָבּנ קיינ פארבּינדונג מיט זיי און האָבּ ניט געקענט קומענ צו דער צײַט זיי צו הילפ, ווענ זיי זאָלנ זיך אינ דעם נייטיקנ.

אָבער איצט בין איך צופרידן, וואָס כ׳האָב זיך דעמאָלט באַ־שלאָסן אפ דעמדאָזיקן שריט. אין דער בוכטע „סאָמניטעלנאיא״ האָט אונדז אומדערוואַרט א שײַן געטאָן דאָס גליק. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָ איז א רו־אָרט פון יאמפערד און א גרויסע צאָל פון דידאָזיקע כײַעס איז ארויס אפן ברעג. אונד־זערע פאנגער האָבן געטויט דרײַסיק שטיק.

דעמ 4־טן אָקטיאבער האָט א שלאָג געטאָן די ערשטע זאַ־ווערוכע, און אין צוויי טעג ארום האָט זיך אײַנגעשטעלט א שליט־וועג.

מיר האָבן אָנגעהויבן עקסקורסירן איבערן אינדזל.

א געוויסע האָפענונג אפ גרעסער מאכן אונדזערע פלייש־פארגרייטונגען האָט געגעבן דאָס גע־יעג אפ בערן. אָבער די האָפענונג איז טאקע געבליבן ניט מער ווי א האָפענונג.

אפ דער צאָפן־זײַט אינדזל, ווו ס׳איז געווען דער וויכטיקס־טער פונקט פון בערן, איז דאָס אײַז די גאנצע צײַט געווען אין באַוועגונג. דאָס האָט געהייסן, אז מיר האָבן דאָרט ניט געקענט פירן קיין גע־יעג ניט מיט קיין הינט, ניט אפ קיין שיפ, ניט צו־פוס. ס׳זײַנען געווען טעג, ווען מיר האָבן געזען ביז צען בערן מיטאמאָל. זיי פלעגן זיצן אפן באַוועגלעכן געדיכטן אײַז, און מיר האָבן זיי ניט געקענט דערלאנגען. אָפטמאָל פלעגן מיר ניט אויסהאלטן און פלעגן זיך ווארפן צום אײַז, נאָר מיר האָבן גענומען עטלעכע קאלטע וואנעס און האָבן זיך אומגעקערט אפן ברעג.

## III. נאָך בערן־פלייש אין גאָלד־קאָלירטע פעלעכלעך

איינמאָל האָבן מיר דורכגעשניטן דעם אינדזל און זיך אָפגעשטעלט אפ זײַן צאָפנדיקער זײַט. באנאכט איז צוויי הונ־דערט מעטער פון אונדזער בײַדל דורכגעגאנגען א בער. דערזע־ענדיק זײַנע פרישע שפּורן, האָבן מיר באַשלאָסן אָפּגעבן דעם גאנצן טאָג אפ געיעג. איך האָב געשיקט צוויי פון אונד־זער מאכנע אין איין זײַט ארײַן, און אליין האָב איך מיטן עס־קימאָס טאיאנא זיך געלאָזט אין דער צווייטער זײַט.

אין געדאנק האָבן מיר זיך שוין באַלעקט פון פרישן בערנ־פלייש און געגלעט און געשאַצט די גאָלדיק־ווײַסע פעל.

באַלד, אין א האלבער שאָ ארום האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אַפּ א פרישן שפּור. דער בער איז לאַנג געגאַנגען לעבנויס דעם ברעג, און דערנאָך האָט ער מיטאַמאָל פאַרקערעוועט אין יאַם אַרײַן. מיר האָבן זיך באַראַטן און זיך געלאָזט נאָך אים.

טאַיאַנאַ האָט זאָרגעוודיק מיך געוואָרנט, איך זאָל ניט טרעטן אַפּ דעם בערס שפּורן, „אַניט קען ער זיך דערוויסן, אַז מיר גייען אים נאָך, און ער וועט אוועקגיין".

איך האָב ניט דערווידערט. אָבער אויך דידאָזיקע פאַרזיכטיקײַט האָט ניט געהאָלפן. אין א צען מינוט ארום זײַנען מיר צוגעגאַנגען צו א גרויסער קוטשע פון נאַרוואַס אויסגעבילדעטן אײַז. ס'איז נאָך געווען טונקל און מע האָט עס געקענט לײַכט דורכשלאָגן מיט א שטעקן...

טרויעריק האָבן מיר נאָכגעשפּירט, אַפּ וויפל מע האָט נאָר געקענט אָנזען דעם שפּור פון דער כײַע און שווײַגנדיק האָבן מיר אויסגעקערעוועט אַפּ צוריק.

און אַזוי דרײַ מאָל:

פלעגן מיר זיך נאָר לאָזן נאָך א שפּור, פלעג שוין אין צען — פופצן מינוט ארום אונדז אָפּשטעלן א פּאַס יונגער אײַז אָדער אַן אָפענע פּאָלאָנקע. אַנטוישטע, מידע זײַנען מיר געזעסן אַפּן ברעג, שווײַגנדיק געזויגן ליולקעס און געקוקט אַפּן אײַז.

פּלוצים האָבן מיר באַמערקט, אַז איינס פון די אײַז־שטיקער האָט באַקומען אַן אַנדער פאָרמע. אײַנגעקוקט זיך, האָב איך דערזען בא איר פוס א ווײַס־געלן פלעק. באַלד האָט זיך דער פלעק אויסגעצויגן און זיך אופגעהויבן גלײַך מיטן אײַז־שטיק.

— א בער! — האָב איך אויסגעשריִען, כאַפּנדיק זיך פאַרן ביי־נאָקל. — צוויי... דרײַ... — האָב איך דערנאָך צוגעגעבן שטילערהייט, כאָטש די כײַעס זײַנען געווען פון אונדז אַפּ א דיסטאַנץ פון פינף הונדערט מעטער.

דאָס איז געווען א בעריכע מיט צוויי יונגע בערלעך. די בעריכע אליין איז געשטאַנען אַפּ די הינטערשטע לאַפּעס און האָט ארומגעשמעקט דאָס הויכע טאָראָסיקע אײַז־שטיק.

שיסן פונדאנען איז צו ווײַט, האָבן מיר פארוקט אין די קעשענעס די ברענענדיקע ליולקעס, געכאפּט די ביקסן און זיך א לאָז געטאָן צו די כײַעס.

שוין אין פינף מינוט ארום האָט זיך איַינגעבראָכן דאָס אײַז. איך האָב ביז די אקסלען זיך איַינגעטונקט אין קאלטער וואסער, און אומזיסט האָב איך זיך באמיט צו דערלאנגען מיט די פיס דעם גרונט. דער גיכער שטראָם האָט מיך געשלעפּט אונטערן אײַז, און איך האָב מיט גרויס מי זיך געראנגלט מיט דעם. טאיאגע האָט מיר געהאָלפן ארויסקריכן פון דער „וואנע", ער האָט זיך אָבער אליין אויסגעגליטשט און זיך ארײַנגעוואלגערט אין וואסער. דאָך האָט ער באוויזן ארויסציכאפּן זײַן מעסער, ארײַנשטעקן עס ביזן העפטל אין אײַז אריַין, און אזוי האָט ער זיך לײַכט געהאלטן, ביז איך בין אונטערגעקומען אים צוהילף. ארויסגעשלעפּט אים פון וואסער, בין איך ווידער אליין ארײַנגעפאלן...

פאר א צײַט פון אוועלכע פינף און צוואנציק מינוט האָב איך באוויזן פינף מאָל זיך אויסצובאָדן, און טאיאגע—פיר מאָל. אונדזערע פעלצענע בגאָדים זײַנען אינגאנצן דורכגעווייקט געוואָרן און זײַנען אזוי שווער געוואָרן, אז דאָס יונגע אײַז האָט אונדז ניט געקענט אויסהאלטן. און אלט, שטארק אײַז האָט זיך, ווי אפצולאָכעס, געטראָפן זייער זעלטן.

אָבער אפּ א האלבן קילאָמעטער פון אונדז געפינט זיך קאָרעוו א האלבע טאָנע פלייש און דרײַ גרויסארטיקע פוכיקע פעל! דאָס אלץ איז אונדזערס. איבערלאָזן עס? סע וואָלט דאָך געווען די סאמע לײַכטזיניקסטע אויסברענגערײַ. וואָלטן מיר ניט פארמאָגט קיין יעגערישן אזארט—דאן איז אן אנדער זאך. ניין, אָפּלאָזן איז געווען אומעגלעך. פלייש! פלייש דארפן מיר!

דער הארפון־רימען גארטלט ארום מײַן טאליע, און אָן ווערטער, פארשטייענדיק טאיאנעס מיין, לייג איך זיך אפן אײַז און קריך צו אן אלטן שטארקן אײַז־שטיק. באפעסטיקט זיך אפּ דעם, שלעפּ איך אריבער טאיאנען, וואָס איז צוגעבונדן צום צווייטן עק רימען. באוועגנדיק זיך אפּ אזא אויפן, פארכאפּן מיר א פיל גרעסערן שטעך און מיר מײַדן אויס די וואנעס.

די כּיפּעס האָבּן דערוויַל בּאמערקט אונדזער פּאנטאָמימע־שפּיל, און בּאָבּאכטן זי פון דער נאָענט האָט זיך זיי ניט געגלוסט. זיי זיַינען פּארגאנגען פון דער אנקעגנווינטיקער זיַיט, און, אויסציִענדיק זיך אף די הינטערשטע לאפּעס, האָבּן זיי עטלעכע מינוט קעסיידער געצויגן מיט דער נאָז דאָס ווינטל, וואָס האָט געבּלאָזן פון אונדזער זיַיט. שפּעטער האָבּן זיי ניט געאיַילט, זיך אראָפּגעלאָזט אין יאם אריַין.

און אונדז איז געבּליבּן בּלויז אומקערן זיך אפן בּרעג און אויסדרייען די וואסער פון אונדזערע מאלבּושים.

בּאנאכט ערשט האָבּן מיר מיט גרויס מי, אויסגעמאטערטע, זיך דערקליִבּן צו אונדזער בּיַידל. אונדזערע קליידער זיַינען געוואָרן, ווי אײַז־פּאנצערס. און פון שטאַרקע באוועגונגען האָבּן זיי זיך געבּראָכן. דער גאנצער קערפּער האָט גענאָגט פון שמערצלעכן ווייטיק.

## IV. דער ערשטער קאָרבּן

וואָס א טאָג האָט די זון זיך אלץ ווייניקער און ווייניקער פארהאלטן איבּערן האָריזאָנט. דעם 23־טן נאָיאבּער האָט זיך בּאוויזן בּלויז דער אייבּערשטער בּרעג זון־ראָד. דער גאנצער הימל האָט געבּרענט. די וואסער האָט אויסגעזען, ווי שווארצע בּרונירטע שטאָל. דער שניי האָט געפינקלט מיט ראָזע, אָראנזשעווע, בּלויע און וויַיס־בּלוילעכע קאָלירן.

אפן אנדערן טאָג האָט זיך די זון שוין מער ניט בּאוויזן. בּאלד זיַינען אלע פארבּן בּלאס געוואָרן. דער גאנצער לאנדשאפט איז גרוי געוואָרן, פונקט ווי עמעצער האָט אים בּאשאָטן מיט אש, די פּאָליאר־נאכט האָט זיך אָנגעהויבּן. די ערשטע און די שווערסטע אינעם לעבּן פון דער קאָלאָניע.

די פרעסט פלעגן דערגרייכן בּיז 60 גראד. אָן זון און בּאומבּעראכמאָנעסדיקע אומופהערלעכע פרעסט איז אומעגלעך געווען פירצונעמען וויַיטע ארויספאָרן. די פלייש־זאפּאסן האָבּן אָנגעהויבּן גיך אויסגיין. די הינט האָט מען אָנגעהויבּן האָדעווען מיט געקאָכטער ריַיז, און קימאט א העלפט פון זיי האָבּן מיר אָנגעוואָרן.

באלד האָבן איך די מענטשן אָנגעהויבן צו קרענקען. איין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס־ האָט איבערגעקרענקט די גאַנצע קאָלאָניע. פון טאָג צו טאָג איז די שטימונג בא די קאָ־ לאָניסטן געפאלן. דעם 15־טן יאַנואַר 1927 י. האָט דער קרופּ ארויסגעריסן בא די קאָלאָניסטן דעם ערשטן קאָרבן. ס'איז געשטאָרבן דער סאמע דערפארענער, איבערגעגעבענער און ענערגישער עסקימאָס י ע ר אָ ק.

ווען איך בין אריין אין יורטע, איז יעראָק געלעגן אן איינ־ געהילטער אין פוטערס און האָט גערעדט פון היץ. אָנשטאָט דעם אָטעם האָט זיך בא אים ארויסגעריסן א כריפּען. אין ברוסט בא אים האָט געזאָטן.

איך האָב פארשטאנען, אז דער אלטער וועט די שלאפקייט ניט איבערטראָגן. זיין טויט איז נאָענט. מיט ווייטיק האָט זיך בא מיר צונויפגעפּרעסט דאָס הארץ. אין מיין זיקאָרן האָבן זיך דורכגעטראָגן מאָמענטן, וואָס איך האָב מיט אים פאר־ בראכט. איך האָב זיך דערמאָנט, ווי ער האָט איינמאָל אין א שטורעמדיקער נאכט צונויפגעקליבן אלע יעגער און זיך געלאָזט זוכן מיך, טאַיאנען און אנאקולען... ס'האָט זיך מיר פאָרגע־ שטעלט זיין קליינע, נידעריטשקע פיגור, באלויכטן מיט דער שיין פון שייטער, ווען ער האָט זיך געשטעלט אפ מיין זייט און איז הייס ארויסגעטראָטן קעגן די אבערגלויבענישן פון זיינע שייוועט־ברידער.

ווי העלע בילדער האָבן זיך דורכגעטראָגן סצענעס פון געמיינ־ זאמען געיעג און צוזאמענפארבראכטע אין ביידל לאנגע אָוונטן...

שטענדיק א לוסטיקער, א פריילעכער און געוואגטער, גרייט יעדער מינוט קומען צוהילף דעם כאווער, האָט ער יעדן אָנגעשטעקט מיט זיין ענערגיע — און איצט איז ער קראנק און הילפלאָז.

איך וועל אָן א מענטשן, וואָס האָט מיך פארשטאנען און איז געווען א כאווער, וואָס כ'האָב ניט געהאט זיין גלייכן, א מענטשן, וואָס איז מיר אייגן געוואָרן נאָך פינף כאדאָשים געמיינזאמען לעבן און ארבעט.

מיט שווערן וויטיק אין הארצן בין איך ארויס פון יורטע. באַם אריַינגאנג איז געשטאַנען קיוויאנא. ער איז פאר די לעצטע טעג שטארק א טעל געוואָרן און האָט אָנגעהויבן טרויערן.

— שלעכט, שלעכט...— האָט ער א זאָג געטאָן.

איך האָב געוווּסט, וואָס אים הריזעט. ער האָט איבערגע־טראכט ניט נאָר פאר יעראָקן, נאָר פאר זיך אויך. די מעַסע איז, וואָס פריִער, ווען מען פלעג אָנהייבן שמועסן וועגן באַזעצן זיך איבערן גאנצן אינדזל, פלעג ער שטענדיק מעלדן:

— ווּהין יעראָק וועט גיין, גיי איך אויך.

איצט איז דער אלטער אף אזא וועג, אף וועלכן קיוויאנא וויל זיך קלאָר ניט לאָזן גיין. און אַבערגלויבישע שרעק פרעסט אים דאָס הארץ.

ארומגעבלאָנקעט אביסל איבערן ברעג, בין איך אהיים גע־קומען און זיך גענומען צו א ביכ. אָבער ס׳האָט זיך היַינט ניט געלייענט. דער געמיט איז געווען אַן אומרויקער.

ארום האלבער נאכט האָבן דורכגעסקריפּעט טריט אונטערן פענצטער, און ס׳האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טיר. איך האָב זיך א וואָרף געטאָן אָנקעגן, און אָנטרעפנדיק זיך אין טיר מיט פּאווּלאָווּן, האָב איך דערהערט:

— יעראָק איז געשטאָרבן...

דעם מעס האָט מען אָנגעטאָן אין א וואָכעדיק לייַבל, אין וואָכעדיקע הויזן, טאָרבאַזן[1]), א היטל און הענטשקעס. נאָכ־דעם האָט מען דעם קערפּער אַוועקגעלייגט אף א הירשענער פעל און אייַנגעדעקט מיט א קאָלדרע. פונייבן אף דער קאָלדרע אין דערלענג פונעם קערפּער האָט מען אַנידערגעלייגט א היל־צערן קלעצל.

פארבונדן די עקן פון דער קאָלדרע, האָט מען דער־נאָך אייַנגעבונדן דעם קערפּער צוזאַמען מיטן קלעצל מיט א דינעם רימען, און איבערגעלאָזן צו יעדער זייַט צו דריַי שלייפן. איצט איז דער קערפּער ענלעך געווען אף א גוט גע־

1) ווייכע הירשענע שטיוול

ווילקלע זוי'ג'קינד, בלויז דעם קאָפּ האָט מען ניט ארויסגעזען. און די פּיס האָבן ביז די קנעכל ארויסגעשטעקט אינדרויסן.

דעם מעס האָט מען אוועקגעלייגט אפ דער מיט ביידל, און איינע פונעם פארשטאָרבענעמס טעכטער האָט אפ אים ארופּגעשטעלט הילצערנע טעלער מיט געקאָכט פלייש. אלע ביי'געוועזענע האָבן זיך ארומגעשטעלט, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די געזעגענונג-סודע. צום שלוס האָט מען יעדערן, איבערן געשטאָרבענעמס קערפּער אָנגעגאָסן צו קווערטלעכ טיי, און אפ דעם אויסגעליידיקסן טעלער, וואָס איז געבליבן שטיין אפן פריערדיקן אָרט, האָט מען צוגעשאָטן סוכארעס.

נאָכן ענדיקן דאָס טיי טרינקען האָט מען ארויסגעטראָגן פון יורטע דעם טויטן מיט די פּיס פאָרויס, האלטנדיק אים פאר די שלייפן, וואָס זיינען געווען אָנגעבונדן בא די זייטן. הינטער דער יורטע איז געשטאַנען גרייט א שליטן, נאָר דעם קערפּער האָט מען געלייגט ניט אפ אים, נאָר לעבן אים — מיט די פּיס צו צאָפן. אלע ביי'וועזנדע האָבן זיך געזעצט אפן שניי. נעענטער פון אלע האָט זיך געזעצט טאגיו, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער לעוויע. איך בין פונאָנדערייב געבליבן שטיין, האָט מען מיר געמאכט א צייכן, איך זאָל זיך זעצן.

יעטוי האָט זיך געשטעלט באם קאָפּ פונעם מעס, קמאָ — בא זיינע פּיס און ביידע האָבן אָנגענומען פאר די ארויסגעשטעקטע עקן דאָס קלעצל, טאגיו און אנאלקאָ האָבן אָנגעהויבן פארגעבן דעם מעס פראגן און דער טויטער... האָט „אָנגעהויבן ריידן”. נאָך יעדער פראגע האָבן יעטוי און קמאָ אונטערגעהויבן דעם טויטנס קערפּער פונעם קלעצל.

לויט די באגריפן פון די עסקימאָסן איז, ווען דער טויטער וויל געבן א פאָזיטיווע ענטפער — דאן הייבט ער זיך אונטער גרינג, אויב אָבער ער וויל זאָגן „ניין” — ווערט ער שווער, און צוויי מענטשן קענען אים דאן קאם אונטערהייבן פון דער ערד. זיי דערציילן, אז אמאָל ווערט דער טויטער, ווי צוגעוואקסן צו דער ערד, און מע קען אים מיט קיינע קרעפטן ניט אפּרייסן.

יעראָקן האָט מען פארגעבן אזוינע פראגעס:

— פונ וואָס ביסטו געשטאָרבנ? צי האָט דיך ניט עמעצער פאַרקישופט?

יעטוי אונ קמאָ הייבנ אונטער דעמ טויטנ, דוכט זיך, מיט גרויס מי — הייסט עס „ניינ".

— דו ווּעסט אוועקגיינ איינער אליינ?

אפנ פריערדיקנ אויפנ באקומט זיך איצט א פּאָזיטיווער ענטפער!

— אונ נאָך דיר וועט קיינער ניט שטאַרבנ?

„ניינ" ענטפערט דער מעס.

— צי וועלנ מיר האָבנ פּרייש?

„יאָ".

— זאָל מענ דיך באַגראָבנ אינ דער ערד?

„ניינ".

— דו ווילסט דענ ערגעצ ווו אוועקגיינ?

„יאָ".

— ווּעסט מיסטאָמע גיינ אפ יענער ערד, ווו סע ליגט באַגראָבנ דיינ פרוי?

אונ יעראָק ענטפערט דאָס לעצטע מאָל:

„יאָ"

דאָס אויספרעגנ איז געענדיקט.

מע האָט אוועקגעלייגט דעמ קערפּער אפנ שליטנ מיט די פיס פאָרויס. באַמ צוקאָפּנס האָט מענ אוועקגעשטעלט א קליינ הילצערנ קעסטל מיט פּראָדוקטנ אינ דעמ פארשטאָרבענעמס געצייג. מע האָט איינגעשפּאַנט די הינט. אונ די פּראָצעסיע האָט גערירט.

בא די זייטנ שליטנ זיינענ געגאַנגענ באגלייטנדיקע אונ האָבנ זיך אָנגעהאַלטנ בא די שלייפנ, סע זאָל אויסקומענ, אז ניט די הינט פירנ דעמ מעס, נאָר זיי טראָגנ אים מיט די הענט.

דער וועג איז געגאַנגענ באַרג אַרויף. די הינט האָבנ זיך אָפּט אָפּגעשטעלט. בא יעדנ מאָל אָפּשטעלנ זיך האָבנ די מענטשנ שווער אַרויסגעלאָזט „עהע־הע־הע־הע־העי" (אָכ־אָכ־אָכ־אָ) — דערמיט האָבנ זיי איבערגעגעבנ דעמ מעס, אז זיי זיינענ זייער מיד, אונ דעריבער איז פאָרגעקומענ דאָס פארהאַלטנ זיך. דערנאָך

האָבן זיי, ארומגייענדיק ארום דעם שליטן, געריבן זיך אינעם געווירקלטן טויטן גוף, ווער — מיט א פלייצע, ווער — מיט ברוסט, צי מיט די לענדן, און זיי האָבן געטרייסלט איבער אים זייערע קליידער, — אָפּ אזא אויפן האָבן זיי דעם מעס איבערגעגעבן אלע זייערע כאלאסן.

אָפּ דער לעווייַע איז ניט געווען קיין איין פּרוי.

צוקומענדיק צום אָרט, וואָס איז געווען אויסגעקליבן פאר א קייווער — האָט מען די הינט אויסגעשפּאנט פון שליטן. מע האָט צעשארט א דינעם שיכט שניי און אפן אָפּגערייניקטן אָרט האָט מען אוועקגעלייגט דעם קערפּער.

טאגיו האָט מיט א מעסער איבערגעשניטן די רימענס, אראָפּגענומען די קאָלדרע, צעשניטן צוערשט די טאָרבאזן נאָך דעם לויט דער ריי די הויזן, די העמטשקעס, דאָס לייַבל און דאָס היטל. אלץ אראָפּגענומענע פונעם מעס און איבערגעלאָזן אים אינגאנצן נאקעט.

אין דערזעלבער צייַט האָבן די איבעריקע איבערגעשניטן אלע רימענס אפן שליטן, צעבראָכן אָפּ שטיקלעך דעם שליטן, און אלע ברוכשטיקער האָט מען צונויפגעלייגט אין איין הויר־בע און צוגעפּרעסט עס מיט שטיינער. דאָס גאנצע אָנטאָן, די קאָלדרע און רימענס, וואָס מע האָט פונעם מעס אויסגעטאָן, האָט מען אויך צעשניטן אָפּ דריבנע שטיקלעך, צונויפגעלייגט עס אין צוויי באזונדערע קופּקעלעך און זאָרגעוודיק אויך צו־נויפגעפּרעסט מיט שטיינער.

אָפּ מייַן פראגע: „נאָך וואָס ווערן עס זאכן געבראָכן און פארלייגט מיט שטיינער", האָבן די עסקימאָסן געענטפערט:

— „ווען מע זאָל אלץ לאָזן גאנצן, וואָלט יעראָק זיך גיך אויסגעקליבן, אומגעקערט צוריק אין קאָלאָניע און וואָלט אוועקגעפירט מיט זיך נאָך עמעצן. אזוי אָבער, ביזוואנעט ער'ט אלץ אויסריכטן און פאריכטן, וועט ער פארגעסן דעם וועג און וועט שוין ניט קומען.

לעבן דעם מעס קאָפּ האָט מען געמאכט ניט קיין גרויסן קרייַז פון שטיינער און אין אים אריינגעלייגט: א מעסער, א טשייַניק, א קווערטל, א פייַל, א שארפשטיין, א ליולקע, שוועב־

בעלעך און א זעקעלע טוטין. דידאָזיקע זאַכן האָט מען אויך צעבראָכן און זיך באַמיט זיי ברענגען אין אַזאַ צושטאַנד, זיי זאָלן צו גאָרנישט ניט טויגן. אויך האָט מען אַהער אַרײַנגעלייגט עטלעכע סוכערעס, א זשמעניע צוקער, א שטיקל ציגל־טיי און צו שטיקלעך רויכער־און טיי־טוטין. די רעשט טיי, טוטין, צוקער און סוכערעס האָט מען צעטיילט צווישן די בײַוועזנדע.

נאָך דעם האָט טאַגיי צעטיילט יעדערן צו קליינע שטיקלעך פון דעם רימען, וואָס סע האָט געטראָגן דער מעס. די, וואָס האָבן געטראָגן דעם רימען, האָבן געמאַכט פון זײַנע צוויי עקן איין קנופּ — דאָס מיט מען, האָט מען מיר דערקלערט, צוליב דעם, אַז אונדזער לעבן זאָל ניט נאָכגיין יעראָקן: איבער די קנופּן וועט עס ניט קענען איבערגיין.

איצט האָט מען מיך געבעטן אוועקפאָרן פאָרויס, ווײַל סע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער באַזונדערס וויכטיקער טייל פון דער לעווייע — דאָס „פאַרמאַכן" דעם וועג, קעדיי דער מעס זאָל מיט דעם וועג ניט קענען אומקערן און עמעצן נאָך מיט זיך איבערפירן.

איך בין געזעסן מיט מײַן אייגענעם הינט־געשפּאַן און האָב ניט געקענט אָנטייל נעמען אין דעם טייל הייליקער דינסט — דערין האָב איך זיך זעלבסט איבערצייגט, צוזוקנדיק פון דער זײַט, ווי סע גייט צו דאָס „פאַרמאַכן" דעם וועג.

אַרומגעגאַנגען צוערשט איינמאָל אַרום קערפּער, האָבן זיך די עסקימאָסן געלאָזט ביז אין האַלאַניע. פאָרנט איז געגאַנגען טאַגיי. אַרומדרוקנדיק אַף דעם שפּור, ווי ס'איז דורכגעגאַנגען דער שליטן מיטן מעס, האָבן די עסקימאָסן פאַרקערעוועט אַף צוריק, געמאַכט א שלייף גלייך ווי זיי וואָלן פאַרבינדן א קנופּ, און ווײַטער פאָרגעזעצט דעם וועג. באַלד אָבער האָבן זיי געמאַכט נאָך א נײַעם שלייף. אַזוי איז אַף א שטרעקע פון אַנדערהאַלבן קילאָמעטער פאַרבונדן געוואָרן פינף „קנופּן".

אומגעקערט זיך אין קאַלאָניע, זײַנען די עסקימאָסן אַרויס גלײַך אַפן אײַז, ניט פאַרגייענדיק אין די יורטעס אַרײַן. דאָ האָט טאַגיו און נאָך אים אַלע איבעריקע אָנגעהויבן זיך קוליען,

אויסגעקאַטשעט זיך גענוג איבער דער גלאַטער אײַזפלאַך, און דאַן ערשט אומגעקערט זיך אפן ברעג. דאָ האָבן די עסקימאָסן צעלייגט א פײַער און לאַנג האָבן זיי איבער דעם געטרייסלט און אויסגעשלאָגן זייערע קליידער. די לעווײַע האָט זיך געענדיקט, און די אָנטיילנעמערס זײַנען זיך צעגאַנגען אין די יורטעס.

באַהאַלטן אין יורטע האָבן זיך אויך יעראָקס קינדער. בא זיי האָבן זיך אָנגעהויבן די טרויער־טעג. זייער טרויער געדויערט פינף מעסלעס (טאַלכלימאַט קאַוויי — פינף שלאָפן, ווי עס דריקן זיך אויס די עסקימאָסן). פאַר דעמדאָזיקן פעריאָד טאָר קיינער ניט אַרײַנגיין אין יורטע און ניט אַרויסגיין פון איר. קיינער אין יורטע טוט זיך פאַר די אַלע פינף מעסלעס ניט אויס. אין די טרויער־טעג איז קאַטעגאָריש פאַרבאָטן צו פאַרנעמען זיך מיט וועלכער ס'ניט איז אַרבעט, באַזונדערס מיט געניי.

## V. די קאָלאָניע בא דער אַרבעט

די לאַגע מיט פלייש האָט זיך ניט געבעסערט. אַסאַך פון אונדז האָבן געקרענקט. דאָס אַלץ האָט געבראַכט די העכסט אַבערגלויביקע עסקימאָסן צום געדאַנק, אַז אפ ווראַנגעלס אינדזל לעבט זייער א בייזער רוח, וואָס וויל ניט, אַז אפ זײַן ערד זאָלן וווינען מענטשן.

דער „טוגאַנהאַק" (רוח, שלעכטער גײַסט) איז א קלוגער, א כיטרער, א דורכגעטריבענער. ער צעשטערט דאָס געיעג נאָך כּעס, ער מאַכט שלעכטן וועטער, דאָס הייסט — ער נעמט צו באַם עסקימאָס דעם איינציקן קיואַל פאַר עקזיסטענץ. אויסערדעם, ווי ס'איז שוין דערמאַנט געוועזן, קען דער טוגאַנהאַק אַרויסגאַנווענען א מענטשלעכן שאָטן, אַליין זיך אין אים באַזעצן און אָנברענגען קרענק און, ענדלעך, אויך דעם טויט. דער מענטש איז אָנמעכטיק צו קעמפן קעגן אים, סטאַרעט ער זיך דעריבער אײַנהיטן מיט אים גוטע, פרײַנטלעכע באַציִונגען און ווי מעגלעך אים פאַרגיטיקן מיט מאַטאָנעס. ער טראָגט

אונטער טוגאנהאקן די סאמע טײַערסטע פּראָדוקטן: טוטין, צוקער, טיי, שמאלץ — דאָס אלץ צעוואָרפט מען און מע צעבּרעקלט איבּער דער ערד.

דער וורענגעלישער טוגאנהאק איז, לויט דער מיינונג פון די עסקימאָסן, געווען באַזונדערס א בייזער און כיטרער. ס'איז דערגאנגען דערצו, אז די עסקימאָסן האָבּן מוירע געקראָגן דורכצוגיין אין דער פינצטער דרײַהונדערט מעטער. ווען איך האָבּ זיי געפרעגט, פאַרוואָס האָבּן זיי קיין מוירע ניט געהאט צו פאָרן מיט מיר אפ געפאנג, האָבּן זיי געענטפערט:

— דו ביסט א באָלשעוויק, און פאר א באָלשעוויק האָט א שעד אויך מוירע!

צו דער צײַט אָבּער בין איך אליין געלעגן קראנק און האָבּ ניט געקענט ארויספאָרן מיט די פאנגער. קיין איינריידן האָט ניט געהאָלפן. דער שעד איז פעסט געזעסן אינעם אָפּגעשטאנענעם באַוויסטזיין בא די עסקימאָסן. און רעזולטאטן פון מײַן פּראָפּאגאנדע האָבּן געקענט אָנקומען ווער ווייסט ווען. די לאגע אָבּער פון דער קאָלאָניע האָט ניט דערלויבּט צו וואַרטן. מע האָט געדאַרפט מיט איין קלאפּ ארויסקלאפּן דעם שעד פון זייערע פּאָזיציעס.

געהאָלפן האָבּן די בערן.

איבּערגעקומען די קרענק, בין איך אריבּערגעפאָרן אפ דער צאָפן־זײַט, וווּ סע געפינט זיך, ווי די עסקימאָסן האָבּן געהאלטן, דעם שעדס שטאבּ־קוואַרטיר און צום גליק, האָבּ איך דאָרט דערשאָסן א בער. דאָס איז געווען א קלאפּ איבּערן קאָפּ דעם שעד. די יעגער האָבּן באשלאָסן, אז ער איז גאָרניט אזוי שטארק, ווי זיי האָבּן געדענקט, און האָבּן זיך גענומען צוגן נאָכן געפאנג.

ווידער דערפאָלג. נאָכאמאָל פלייש און פעל. די עסקימאָסן זײַנען פריילעך געוואָרן. געענדיקט זיך די געפאלענע שטימונג. די לאגע פון דער קאָלאָניע איז געווען געראַטעוועט.

דער אונטערגעקומענער פרילינג און דער פון טאָג צו טאָג אלץ בעסערער געפאנג האָט לאַכלוטן געזונט געמאכט די קאָלאָניע.

איצט איז די אופגאַבע געווען—ניט צו דערלאָזן קיין ענלעכע באַדינגונגען באַם ווינטער אין די וויַטערדיקע יאָרן. צום אָנהייב ווינטער איז נייטיק געווען צו באַזאָרגן פולקאָם די קאָלאָניע מיט פלייש. דאָס איז אָבער ניט גרינג געווען אויסצופילן אין אונדזערע באַדינגונגען.

יאַמפּערד איז פאַראַן דאָ אַסאַך בלויז אום זומער, און ווינטער טרעפט מען זיי ניט. דערביַ איז דער זומער זייער א קורצער, און די נעפּלען מיט די שטורעמ־טעג באַגרענעצן דעם סעזאָן פון פאַנגען יאַמפּערד ביז איין כוידעש. פאַר דעמדאָזיקן כוידעש דאַרף מען פאַרגרייטן פלייש אף די איבעריקע עלף כאַדאָשים.

די זאָרגלאָזיקייַט פון די עסקימאָסן. די קליינע צאָל יעגער און דער לאַנגזאַמער גאַנג פון אונדזערע יועדבאָטן און בײַדאַרעס האָבן נאָך שווערער געמאַכט דאָס פלייש־פאַרגרייטן. דעריבער פלעגן מיר זומער־צייַט וואַרפן אפן געיעג אַלע קרעפטן. די מיטאַרבעטער פון אונדזער פאַקטאָריע זיַינען גליַיך מיט די פאַנגער פאַרנומען געווען מיט קריגן פלייש.

דערפאַר האָט די קאָלאָניע דעם צווייטן און דריטן ווינטער פאַרבראַכט גאַנץ בעשאָלעמדיק און דורכגעמאַכט א גאַנץ גרויסע אַרבעט. מיר האָבן צונויפגעזאַמלט קאָלעקציעס פון דער פאַונע און פלאָרע, פון דער געאָלאָגיע און פאַלעאָנטאָלאָגיע פון אינדזל, און דורכגעפירט א מאַרשרוט־פאָטאָגראַפירונג פונעם ברעג־פאַס.

די עסקימאָסן האָבן אָפט געהאָלפן אין דער אַרבעט. עמעס, די סטימולן צו דער אַרבעט זיַינען פאַר זיי ניט שטענדיק געווען אַלציינע. פייגלען פלעגן זיי ברענגען אין דער מערהיַיט פאַלן דערפאַר, ווייַל מע האָט זיי צוגעזאָגט א באַלוינונג.

אז די עסקימאָסן האָבן דערזען, ווי איך זאַמל צונויף געוויקסן און נעם זיי דערביַ אומבאַדינגט מיט די קוויטן, האָבן זיי באַשלאָסן, אז די קוויטן רעכן איך אוועקצופירן קיין מאָסקווע, און דאָרטן וועט מען זיי באַקוקן, אָפּמאָלן, מאַכן מיט אַזעלכע געמעלן ציצן און זיי איבערשיקן אף טשוקאָטסקע און אף וורַאנגעלס אינדזל. דערפאַר האָבן אַלע, און באַזונדערס

די פרויען און די מיידלעך, געטריי אָפּגעטראָגן צו מיר יעדער באמערקט בלימל און אָנגעוויזן דאָס אָרט, ווו ס׳איז געפונען געוואָרן. דאָס האָט באַדייטנדיק פאַרגרינגערט די אַרבעט. שפּעטער האָב איך זיי דערציילט דעם עמעסן ציל פון עם קלייבן, נאָך די אַרבעט איז זיי שוין אַזויפיל געפעלן געוואָרן, אַז זיי האָבן מיר אַפילו ווייטער אויך געטראָגן די קוויטן, בלויז צומאָל געפאָדערט, איך זאָל זיי דערפאַר באַווייזן, ווי סע זעען אויס די פאַרטריקנטע געוויקסן אַפן ווייסן בויגן פּאַפּיר אין מיין הערבאַריום.

די סאַמע שווערסטע אַרבעט איז געווען דאָס אָראָפּנעמען דעם פּלאַן. פאַרענדיקט האָבן מיר די אין פרילינג פון 1928 יאָר, נאָך אַן אַכט-און-צוואַנציק-טאָגיקן אַרומפאָרן מיט הינט אין די בייזסטע פרעסט.

## VI. א רייזע איבערן אינדזל

ס׳איז די מיט מאַרט. א לויטערער פרימאָרגן. א שטיל, דאָ־רעם־מיזרעכדיק ווינטל. א שטאַרקער פראָסט.

אונדזער קליין זיך געדויערט ניט, דער שליטן איז גע־פאַקעוועט פון פריער נאָך. מיר שפּאַנען איין די הינט און לאָזן זיך אין וועג אַריין מיט מיר פאָרן אַנאַקוליא, יעטוי, אַנאַלקאַ, נאַקאַ, אין די לעצטע צווייענס ווייבער — מאַכשוק און טימאַנון.

דער ציל פון אונדזער נעסיע איז דורכשניידן דעם אינדזל און איבערלאָזן אַפּ זיין צאָפנדיקער זייט אַנאַלקאַן און נאַקאַן מיט זייערע ווייבער. זיי וועלן עס זיין די ערשטע איינוווינער אַפן צאָפנדיקן ברעג.

מיר האָבן דריי הינט־געשפּאַנט. אַפּ יעדער הונט קומט אָן בא א דרייסיק קילאָגראַם מאַסע. זיי זיינען שטאַרק אויסגעמאָ־גערט נאָך דער פאַרזיארער נאַכט. דאָך, ניט געקוקט דערויף, שלעפּן זיי אָן באַזונדערער מי די שליטנס.

אָבער נאָך איידער מיר זיינען אָפּגעפאָרן צען מעטער פון קאָלאָניע, האָט די באַוועגונג אָנגעהויבן ווערן לאַנגזאַמער.

נאָכן אַפּפּאָרן איין שאָ האָט זיך דער ווינט געביטן אַפּ אַ מידרעכדיקן, און נאָך איין אַ האַלבער שאָ אַרום — האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָנקעגנדיקער נאָרד.

די וועט איז געוואָרן פֿאַרנעפּלט. הינטער די פּיס האָט אָנגעהויבן זיך רויכערן דער שניי.

אונדז אַנטקעגן פֿליסן דינינקע שניי־שטרעמעלעך. זיי וואַקסן באַדײַטנדיק אָן. איבער אונדז הייבט זיך אויף, ווי אַ דאַמף, אַלץ העכער און העכער, אַ שניי־שטויב. אַלע סימאָנים, אַז באַלד הייבט זיך אָן אַ זאַווערוכע.

איך שיק אָפּ צוריק אַנאַלקאָן מיט די פּרויען און זעץ פֿאָר מיט די איבערגעבליבענע דעם וועג. איך באַשליס, אויב ס'וועט זיך אײַנגעבן, אָפּצופֿירן דערווײַל די פּראָדוקטן מיטן ווערקצײַג. נאָך אַ האַלבע שאָ רוקן מיר זיך פֿאָרויס בעערעכדיק גרינג. אָבער די טײַכלעך פֿון שניי־שטויב וואַקסן אַלץ גרעסער און פֿאַרייניקן זיך. סע טראָגט זיך שוין שניי־שטויב אַפּ אַ הייך פֿון אַ מעטער. די הינט הייבן אָן זיך אָפּשטעלן. דער ווינט שטאַרקט זיך פֿון מינוט צו מינוט. אָט האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַן עמעסער געגעם. דער ווינט הייבט אויף דעם שניי־שטויב ביז צען מעטער, און, ווי מעשוגע געוואָרן, שלײַדערט ער זיך מיט אים. סאַם אָנגעזעענע קרישטאַלעכלעך פֿון שניי שמײַסן מיט אַזאַ קראַפֿט אַז באַלד ווערט דאָס גאַנצע פּאָנעם צינויפֿגעקאָוועט מיט אַ גוואַלדיקן ווייטיק. אַנאַקוליעס שליטן גייט פּופּצן מעטער הינטער מײַנעם, און איך זע בלויז אָן אַ סילועט פֿון אים. דעם דריטן שליטן זעט מען נאָך ניט אָן. קעדיי ניט צו פֿאַרלירן די כאַווײרים, שטעל איך זיך אָפּ און בינד צונויף אַלע דרײַ שליטנס מיט אײַנ־רימען. אינדערהייך לײַכט זיך דורך אַ העל־בלויער הימל. עפּשער וועט די זאַווערוכע אופֿהערן? פֿאָרויס!

דאָס פּאָנעם פֿילט שוין מער ניט קיין שניי־שמיץ. ס'איז באַדעקט מיט אַ דורכויסיקער שניי־מאַסקע. איך פֿיל, ווי די לונגען ווערן אָנגעפֿילט מיט פֿײַכטקײַט. ס'ווערט שווער צו אָטעמען. דער אָטעם איז פֿאַראַליזירט. איך וואַרף זיך אָן קוויכעס אַפּן שליטן. און פּלוצים... אַ נעס! דער שליטן, וואָס האָט זיך קאַמקאַם געשלעפּט, גיט זיך, ווי אַ פֿויגל, אַ טראָג פֿאָרויס. סע

בליצט דורך א געדאנק: „די הינט האָבן זיך א ריס געטאָן, — חײַזט אויס, א בער“, — איך רײַס אראָפּ פֿון פּלייצע די ביקס און דער שליטן יאָגט — אין די אויערן איז א שארפֿער גײַפֿ דער קאָפּ דרייט זיך... איך גיב זיך א וואלגער מיטן גאנצן קערפּער אפּן טאָרמאָז, און... א נײַער נעס: קיין שום ווידערשטאנד.

איך רײַס אראָפּ דאָס שניי־היטל פֿון פּאָנעם און קוק אף די הינט. מע זעט נאָר די סאמע נאָענטע. זיי ליגן, צונויפֿגעדרייט, ווי קנײַלעכלעך, און זײַנען שוין אפּ העלפּט פֿארשאָטן מיט שניי. באַם שליטן זײַנען פֿארשאָטן די גליטשערס. איך פֿארשטיי שוין, אז די הינט האָבן זיך שוין לאנג אָפּגעשטעלט... אנקעגן טראָגט זיך א הורבאנאנדיקע מאסע שניישטויב. און דאָס שאפּט א פֿולע אילוזיע פֿון ווילדן גאלאָפּ. אנאקוליעס הינט ליגן אויך רויק הינטער מײַן שליטן, און, גלייך ווי איך, באמערקט ער אויך ניט דעם אָפּשטעל...

ער זיצט אפּן שליטן מיטן רוקן צום ווינט און שרײַט גלייך אויס דאָס געוויינלעכע נורען: „עה, עקו!“ כּלומרשט צום דריטן שליטן — דאָסזעלבע בילד. איך יעטיי מיט נאָראָן שטעלן אונטער רויק זייערע פּלייצעס דעם ווינט און שרײַען אף די הינט. אפילע אין די פּאָיעס פֿילט זיך א פֿעסטע איבערצײַגונג, אז די שליטנס פֿארן..

מײַן געלעכטער פֿירט זיי ארויס פֿונעם טאָעס. איך גיי צו צו מײַנע הינט. אף די מאָרדעס בא זיי איז געוואָרן אן אײַז־שאָלעכץ אף א פֿינגער די גרעב. איך נעם פֿון זיי אראָפּ די מאסקעס. די אָרעמע נעבעך הייבן אָן קייטשען, לעקן די הענט, שפּרינגען מיר אף דער ברוסט, און, ווידער פֿארדרייט זיך, ווי קנײַלעכלעך, לייגן זיי זיך אפּן שניי.

איך מאך נאָך איין פּרווו צו רירן זיך פֿאָרויס. נאָר שוין אין הונדערט מעטער ארום באהאלטן די הינט ווידעראמאָל אין שניי ארײַן די מאָרדעס. זיי הערן אויף צו פֿאָלגן די קאָמאנדע און ווארפֿן זיך פֿון איין זײַט אין דער אנדערער, וועלנדיק זיך באהאלטן פֿונעם שניי־וויכער.

ענדלעך גיט דער גאנצער שפּאן, ווי לויט א קאָמאנדע, זיך א קערעווע צוריק און טראָגט זיך, שיר ניט איבערקערנדיק דעם

שליטנ, מיטנ ווינט... אלע אונדזערע באמיונגענ אויסצוקערעווענ זיי זײַנענ ארויסגעוואָרפנ. מע מוז זיכ אומקערנ. מיר ווארפנ ארויס אונדזער אָנלאָדעכצ אונ מיט ליידיקע שליטנס יאָגנ מיר צוזאַ־מענ מיטנ ווינט. אונ ער, א פארשיקערטער פונ זיג, רעוועט אונ יאָגט נאָכ אונדז וואָלקנס שניי־שטויב.

פארדריסלעכער פונ אלעמענ איז דאָס, וואָס דאָס אלצ קומט פאָר בא א לויטערנ, פערל מוסטערנעמ הימל. קיינ איינ וואָלקנדל, קיינ סימענ פונ קיינ כמארעלע. אנ אָנסאָפּעקדיקע איידל־בלויע איבערדעק אונ א העלע זונ. אזוי איז אינדערהייכ. אונ אונטנ — אפ צענ מעטער העכער פונ דער ערד פײַפט א ווינט, א דורכוי־סיקע וואנט שניי טראָגט זיכ...

אינ אנדערהאלבנ שאָ ארום פאָרנ מיר אונטער צו דער קאָ־לאָניע... א לויטערער הימל, א קאַמ־באמערקבאר צאָפּנ־מײַרעוו־דיק ווינטל אונ... קיינ אָנהייב פונ קיינ זאווערוכע!

אפנ אנדערנ טאָג קלײַב איכ ווידער צוזאמענ די עסקימאָסנ אונ לאָז זיכ אוועק אינ וועג ארײַנ. קעדיי גרינגער צו מאכנ די אָנלאָדונג, נעמ אימ נאָכ א שליטנ. ס׳איז שטיל. דער פראָסט איז נאָכ שטארקער, ווי נעכטנ. קימאט דעמ גאנצנ וועג לויפנ מיר באגלײַכ מיט די שליטנס. די פרויענ קענענ לאנג ניט לויפנ, זיצנ זיי מערסטנטייל, אײַנגעוווּרעט אינ די שליטנס אונ פרירנ גאנצ פײַנ.

ביז פיר אזייגער פאָרנ מיר אָנ פאסירונגענ. זעלטנ נאָר שטעלנ מיר זיכ אָפּ, קעדיי לאָזנ די הינט איבערכאפּנ דעמ אָטעמ אונ באדעקנ מיט אײַז די שליטנ־גליטשערס.

פאר דער לעצטער אָפּעראציע וועגנ האָט יעדערער פונ אונדז א פלאש וואסער אינ בוזעמ אונ א קליינ שטיקל בערנ־פעל אפנ שליטנ. מיר רופנ עס אָנ „וואָידא״. מיר גיסנ אָנ וואסער אפּ דערדאָזיקער „וואָידא״ אונ גיבנ גיכ א פאָר דורכ מיט דעמ איבער דעמ שליטנ־פוס. א דינ, גלאנצנדיק אײַז־הײַטל ציט זיכ אָנ אפ אימ.

די שווערקײַט פונ דערדאָזיקער אָפּעראציע באשטייט דערינ, וואָס מע דארפ די ארבעט דורכמאכנ מיט הוילע הענט אפ א שטארקנ פראָסט, אונ די קונצ איז, מע זאָל דאָס אײַז אָנלייגנ אפנ

שליטל־פוס אין א גלײַכמעסיק דינעם שיכט. אויב מע פירט די אָפּעראַציע דורך קונציק, גליטשט זיך דער שליטן אומגע־װײנלעך פרײַ. דעריבער לױנט עס זיך אײַנצושטעלן און אַרױס־נעמען די הענט פון די װאַרעמע הענטשקעס.

פיר אזייגער שטעלן מיר אַ בײַדל און בײַסן צו. מיר עסן רױ געפרױרן יאַמפּערד־פלייש מיט שטיקלעך שמאַלץ, סוכע־רעס און טײ מיט קאָנסערװוּן־מילך. די מילך איז אויך פאַר־פרױרן און האַרט, װי אַ שטײן. מיט אַ האַק צעהאַקן מיר אַפּ העלפט די פּושקע, אײן העלפט װאַרפן מיר צוזאַמען מיטן בלעך אין טשײַניק אַרײַן, און די צװײטע פּאַרוקן מיר אין זאַק אַרײַן — נישקאָשע, ס׳װועט זיך ניט אױסגיסן!

די אָנגעפרױרענע עסקימאָסעס האָבן זיך האַרט צוגעטוליעט צום רױשנדיקן פּרימוס און שלינגען גיריק די געזאָטענע װאַ־סער. איך האַלט מיט הױלע הענט דאָס הײסע אײַזערנע קװערטל און פיל, װי אַ װאַרעמקײַט צעגיסט זיך מיר איבערן גאַנצן קער־פּער. ליבע קװאָרט! סאַראַ גליק ס׳איז צו האַלטן דיך אין די הענט און פילן דײַן װאַרעמקײַט!

דאָך איז שױן צײַט צו רירן װײַטער. דער געצעלט הײבט אָן זיך שאָקלען. ס׳האָט אַ צי געטאָן אַ מײַרעװור־װינטל. סע װײַזן זיך װידער שנײ־טײַכלעך. אָנגעלערנט פון דער נעכטיקער דער־פאַרונג, גיב איך מיטאַמאָל אַ שלינג־אײַן דעם אָקרעפּ, װאַרף אַרײַן אין זאַק די קװאָרט און אײַל צו די איבעריקע.

אין װעג אַרײַן! אײדער סע צעשפּילט זיך דער שטורעם, דאַרפן מיר זיך דערקלײַבן צו דעם בערישן באַרג־דורכגאַנג. דער װעג אַהינצו ליגט פּונקט צװישן די צאָפּנדיקע און דאָרעמדיקע באַרג־רוקנס. דער דורכגאַנג איז אַפּ צװײ שאָ װעג פון אונדז.

דער װינט שטאַרקט זיך. די טײַכלעך זײַנען געװאָרן ברײ־טער, העכער און האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן דורכגאַנג צװישן די באַרג־רוקנס. דער טאָל האָט זיך איבערגעביטן. אין מײַרעװור־זײַט לאָזט זיך אַרונטער הינטערן האָריזאָנט אַ גרױסער, רױטער זון־קײַלעך, ריכטיקער ניט קײן זון־קײַלעך, נאָר אַ ספּעריאָד — עמעצער האָט גענומען די זון און זי צונױפגעפּלעטשט. דער גאַנ-

צער מיליאָרדן בּרענט. סע צינדט זיך אָן דער שניי. סע צינדן זיך אָן די שניי-שטרעמלעך און דער שטויב, וואָס איבּער זיי. דער גאַנצער טאָל איז, ווי פאַרגאָסן געוואָרן מיט צעשמאָלצע-נעם מעטאַל, וואָס רינט שטורעמדיק בּאַרג־אַראָפּ. פונעם שטראָם הייבּט זיך אויף אַ העל־רויטער דאַמפּ. און בּאַם האָרי-זאָנט שטייט אַ הויכער, ווי אַ געדיכט־פּיִאָלעטע מאַסע, דער בּאַרג־שפּיץ בּ ע ר ר י און די שפּיצן, וואָס רינגלען אים אַרום.

די אומגעהײַערע „סרייפע" אַף די שניי-פעלדער שמידט צו דאָס אויג. סע בּאַצויבּערט און איינציַיטיק דריקט עס מיט איר מעכטיקייַט. די עסקימאָסן, וואָס זייַנען געוויינלעך גלײַכגילטיק צו דער נאַטורס שיינקייַטן, רייַסן איצט אויך ניט אָפּ די אויגן פון די רויכערנדיקע רויטע שטראָמען. יעטוי רופט אויס אופגע-רעגט:

— פינעפּיכטאָק! (זייער גוט).

אָבּער די סרייפע וואַרעמט ניט. זי איז גרוילער קאַלט. מע פילט דעם קאַלטן ווינט דורך דעם צווייענדיקן פוטערנעם אָנ-טון. דער פוטער פונעם בּאַלכייַ אַרום פּאָנעם איז פונעם אָטע-מען און פונעם שניי־שטויב געוואָרן, ווי אַן אייַזן-רינג. די הענט מיטן פּאָנעם האָבּן אופגעהערט צו פילן. פונעם נוקען נאָכאַנאַנד צו די הינט טוט ווי דער גאָרגל. אָנשטאָט אַ געשריי רייַסט זיך בּאַ אונדז אַ כריפּען.

ס'איז שוין פינצטער געוואָרן, ווען מיר זייַנען אַרייַנגעפּאָרן אין בּאַרג-דורכגאַנג און געמאַכט אַן אָפּשטעל אַף נאַכטלעגער. דאָ פילט מען ווייניקער דעם ווינט, נאָר דער פראָסט איז דער-זעלבּער. די הינט ציטערן און קוויטשען. דער שניי איז אַזוי האַרט, און וויפל זיי בּאַמיִען זיך ניט צו מאַכן זיך אַ גריבּל, העלפט עס זיי ניט. מיר נעמען אַרויס די מעסערס און גייען צו צו זיי. זיי ווייסן שוין, וואָס מיר קלײַבּן זיך טון, און, ווי לויט אַ קאָמאַנדע, ווערן זיי שטיל. מיר שנײַדן אויס שטיקער האַרטן שניי און טרעטן אייַן די אויסגעבּילדעטע גריבּלעך. די הינט דרייען זיך צונויף ווי בּייגעלעך, לייגן זיך אין די אויסגעגראָ-בּענע גריבּער און דעקן זאָרגעוודיק אײַן די לאַפּעס און די נעזער מיט די געדיכטהאָריקע ווײדלען. איצט וועט זיי זײַן וואַרעם.

פאר זיך שטעלן מיר אוּפּ א בײַדל. דעם שנײיִקן דיל שפּרייטן מיר אויס מיט הירשן-פּעלן, און אויף זיי לייגן מיר זיך אין שלאָף־זעק. די מידקייט נעמט איבער, און באַלד ווערן מיר אַנ־שלאָפן.

באַנאַכט כאַפּ איך זיך אוּף פון שטאַרקן ווייטיק אין די פיס. זיי ווערן פאַרפרוירן. סע ראַטעוועט הײַנט ניט אַפילע דער וואַ־רעמער שלאָף־זאַק. הינטערן בײַדל הערט מען גיכע שפּאַן. דאָס וואַרעמט זיך יעטוי. ער איז אַרויסגעקראָכן פון זאַק און לויפט אַרום דעם בײַדל. נאָר אָט האָט ער זיך אײַנגעמאָסטעט אין ווינקל און באַמיט זיך צו צעבּרענען דעם פּרימוס.

די פּרוּווען שלאָפן אויך ניט. איך לאָז איבער דעם זאַק, שלאָג אָן דעם טשײַניק מיט שניי און דערלאַנג נאָקאָ׳ן. מע מוז זיך פאַרדינען א קוואָרטל רעטנדיקן אָקרעפּ.

— צי האָט איר געבּענקט?

מע פאַרגיט מיר איצט אָפט די דאָזיקע פּראַגע. געוויינטלעך ענטפער איך דערויף אַזוי:

— יאָ, איך בּענק נאָכן אינדזל, נאָך מײַנע כאַווייִרים — די עסקימאָסן, נאָך מײַן הינט־געשפּאַן, נאָך די זאַווערוכעס.

דאָס יאָר האָבּן מיר, זעענדיק דעם צושטאַנד פון עם אײַז, זיך ניט געריכט אויף קיין דאַמפער און מיר האָבּן געגרייט זיך צום פּערטן מאָל ווינטערן. „ליטקע", דורכרײַסנדיק זיך בּוכ־שטעבּלעך דורך דער גראָבּער אײַז-וואַנט, האָט אונדזערע פּלע־נער צעשלאָגן. ווי שטאַרק האָבּן אָנגעהויבּן קלאַפּן אונדזערע הערצער, אַז מיר האָבּן דערזען דעם אײַזשפּאַלטער! דאָס איז דאָך געווען דער ערשטער דאַמפער פאַר דרײַ יאָר.

אין 1927 י. האָבּן אונדז צוויי עראָפּלאַנען צוגעשטעלט א יאָריקן קאָמפּלעקט „פּראַוודאַ" און עטלעכע בּריוו, און נאָכדעם האָבּן מיר צוויי יאָר נאָכאַנאַנד ניט געזען קיין איין מענטשן, בּיז ס׳איז געקומען צופליִען דער הידראָפּלאַן פאַר „ליטקע"ס אָנקומען. די עטלעכע צענדליק מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען אויפן בּאָרט פון שיף, האָבּן בּאַ אונדז אויסגעזען, ווי א גרויסער האַמוין. די רייד פון די געקומענע כאַווייִרים זײַנען פול מיט אומפאַרשטענדלעכע, נײַע פאַר אונדז, ווערטער און גאַנצע

פראזעס, מיט אומבאקאנטע נעמען: פינפיאָר, סאָצפארמעסטונג, זעלבסטקריטיק, קאָלעקטיוויזאציע, נאָבילע, טשוכנאָווסקי א. אז. וו.

סאמע דאָס פארשטענדלעכסטע אָרט אין צייטונג איז געווען די פערטע זייט — די מעלדונגען. דאָס אלץ צוזאמען האָט אינטריגירט, געצויגן. ס'האָט זיך געגלוסט וואָס גיכער קומען אפן קאָנטינענט, זיך ארייַנטון אינעם ראש פון די שטעט, דערהערן די נייַע לאָזונגען פון דער רעוואָליוציע, כאפן די נייַע לעבנסטעמפן, גיכער צעזעגענען זיך מיטן אינדזל.

נאָר אָט איז געקומען דער טאָג פון אָפּפאָרן. ס'האָט דורכגעהודעט דער פייַפ. מע דארף זיך געזעגענען. ביז ווייטיק קוועטשט מען זיך די־הענט. נאָך ווייטיקדיקער איז אפן הארצן. דרייַ יאָר קאמף האנט בא האנט. דרייַ יאָר פרעסט, זאווערוכעס און אייַז! געמיינזאמע ליידן און פריידן האָבן אונדז געמאכט פאר אייגענע, צונויפגעשמידט אונדז אין איין מישפּאָכע...

„ליטקע" האָט זיך געלאָזן אין גאנג. אונדזער שטיבל ווערט פארהוילן אין נעפּל. בסערלא יוערן די ליניעס פון ברעג. מיר גייען אוועק פונעם אינדזל. ניט איינמאָל פאר די דרייַ יאָר האָבן זיך בא אונדז ארויסגעריסן קלאָלעס אפ זייַן אדרעס. און איצט האָבן מיר ערשט דערפילט, ווי שטארק מיר האָבן זיך מיט אים צונויפגעלעבט, מיט זייַן הארבער נאטור, מיט זייַנע זאווערוכעס.

---

פרײַז 25 קאָפ.

Єврейською мовою
Г. УШАКОВ
Робінзони острова Врангеля

На еврейском языке
Г. УШАКОВ
Робинзоны острова Врангеля



Українське Державне Видавництво
Нацменшостей при Президії ВУЦВК'у
„УКРДЕРЖНАЦМЕНВИДАВ“